


## מעשיות פֿון אַ מיידעלע וואָס איז געווען אַנדערש

פֿון י. קאַמינסקי

אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „אַרבעטער־רינג"
ביים בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, נ. י.

# לאָלאַ וויל ניט זײַן אַליין

פייגעלען אַ מתנה

1

לאָלאַ איז אַ קליין מיידעלע,
זי איז אַלט פיר יאָר.
לאָלאַ האָט אַ טאַטן,
לאָלאַ האָט אַ מאַמען,
אָבער לאָלאַ האָט ניט קיין ברודערל,
לאָלאַ האָט ניט קיין שוועסטערל,
זי איז איינע אַליין בײַ איר טאַטע־מאַמע.
לאָלאַס טאַטע גייט אַלע טאָג אַרבעטן
און די מאַמע אַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין הויז.
די מאַמע נייט אַ גאַנצן טאָג.
לאָלאַ האָט ניט מיט וועמען צו רעדן,
זי האָט ניט מיט וועמען זיך צו שפּילן,
איז איר אומעטיק אַליין.

2

לאָלאַ האָט אַ סך שפּילערײַען.
זי האָט אַ ליאַלקע, זי האָט אַ בער,
זי האָט אַ העלפאַנט, זי האָט אַ האָז
און זי האָט אַ זשיראַף מיט אַ לאַנגן האַלדז.

רעדט לאָלאַ צו דער ליאַלקע — שווײַגט זי.
רעדט לאָלאַ צו דעם בער — שווײַגט ער.
רעדט זי צו דעם העלפֿאַנט — שווײַגט ער.
רעדט זי צו דעם זשיראַף מיטן לאַנגן האַלדז
— שווײַגט ער אויך.
איז איר אומעטיק, זייער אומעטיק.



3

איין מאָל אין דער פֿרי זיצט לאָלאַ אויף איר בענקעלע.
זי זיצט אויף איר בענקעלע און טראַכט.
זי זיצט און טראַכט און טראַכט.
ס'איז איר אומעטיק אַליין אין הויז.
זי האָט ניט מיט וועמען צו רעדן,
זי האָט ניט מיט וועמען זיך צו שפּילן.
דער טאַטע איז ניטאָ אין הויז,
ער איז בײַ דער אַרבעט.
די מאַמע איז דאָ אין הויז,
אַרבעט זי אַ גאַנצן טאָג — זי נייט.
זי האָט ניט קיין ברודערל,
זי האָט ניט קיין שוועסטערל, —

און זי וויל אַזוי מיט עמעצן רעדן!
און זי וויל אַזוי מיט עמעצן זיך שפּילן!
זי זיצט אַ לאַנגע צײַט אויף איר בענקעלע,
זי זיצט און טראַכט און טראַכט.
מיט אַ מאָל טוט זי זיך אַ הייב פֿון איר בענקעלע,
זי לויפֿט אַרײַן אין וואַשצימער,
וואַשט זיך אָפּ דאָס פּנים,
זי וואַשט די הענט מיט זייף
און ווישט זיך אָפּ מיט אַ האַנטעך
און פֿאַרקעמט די האָר מיט אַ קעמל.

4

נאָך דעם טוט זי אָן איר נײַ רויט היטעלע,
זי טוט אָן איר נײַ ברוין מאַנטעלע,
זי עפֿנט אויף איר טײַסטער און זי ציילט.
זי ציילט די פּענים וואָס זי האָט אין טײַסטער.
לאָלאַ ציילט: איין פּעני, צוויי פּענים, דרײַ פּענים,
פֿיר פּענים, פֿינף פּענים — און מער ניטאָ.
לאָלאַ פֿאַרמאַכט דעם טײַסטער.
זי זאָגט אַ גוטן טאָג דער ליאַלקע,
זי זאָגט אַ גוטן טאָג דעם בער,



זי זאָגט אַ גוטן טאָג דעם העלפֿאַנט,
זי זאָגט אַ גוטן טאָג דעם האָז,
זי זאָגט אַ גוטן טאָג דעם זשיראַף מיטן לאַנגן האַלדז
און זי לאָזט זיך גיין צו דער טיר.
בײַ דער טיר בלײַבט זי שטיין
און קוקט אויף דער מאַמען ווי זי נייט.

5

דערזעט די מאַמע ווי לאָלאַ
שטייט בײַ דער טיר פֿאַרטראַכט,
אָנגעטאָן אין די נײַע קליידער,
פֿרעגט זי איר: —
„לאָלאַ, קינד מײַנס, וואוהין גייסטו אַזוי פֿרי?"
ענטפֿערט לאָלאַ:
— „איך גיי קויפֿן אַ ברודערל,
איך גיי קויפֿן אַ שוועסטערל פֿאַר פֿינף פֿענים.
ס'איז מיר אומעטיק אַליין, כ'וויל ניט זײַן אַליין.
אַ גוטן טאָג דיר, מאַמע."
טראַכט די מאַמע אַ ווײַלע און זי זאָגט צו לאָלאַן:
— „וואַרט, מײַן קינד, אויף מיר."
די מאַמע טוט אָן אויף גיך איר מאַנטל,
פֿאַרשליסט די טיר, זי נעמט לאָלאַן פֿאַר אַ הענטל און
זיי לאָזן זיך ביידע ערגעץ גיין.
אין גיכן זײַנען זיי געקומען צו אַ גרויס, שיין הויז.

6

אין דעם שיינעם, גרויסן הויז זײַנען געווען אַ סך, אַ סך
קינדער.
אַ סך ייִנגלעך, אַ סך מיידעלעך, שוועסטערלעך און
ברידערלעך.

האָט די מאַמע פֿאַרשריבן איר מיידעלע אין קינדער־
גאָרטן.
איצט גייט לאַלאַ אַלע טאָג, אין קינדער־גאָרטן.
איצט איז לאַלאַן מערניט אומעטיק.
זי רעדט מיט די קינדער,
זי זינגט מיט די קינדער,
זי טאַנצט מיט די קינדער,
זי שפּילט זיך מיט די קינדער.
אַלע קינדער פֿון קינדער־גאָרטן זײַנען לאַלאַס
ברידערלעך,
זײַנען לאַלאַס שוועסטערלעך.
לאַלאַן איז מער ניט אומעטיק.



# אין קינדער־גאָרטן

1

לאָלאַ גייט אַלע טאָג אין קינדער־גאָרטן.
לאָלאַ האָט ליב צו גיין אין קינדער־גאָרטן.
אין קינדער־גאָרטן האָט זי אַ סך פֿרײַנד.
אין קינדער־גאָרטן קומען יעדן טאָג
בעני מיט זײַן שוועסטערל עני,
פֿעני מיט איר ברודערל מעני,
לעני מיט איר שוועסטער־קינד דעני
און דאַבי מיט זײַן שוועסטער־קינד באַבי,
און נאָך און נאָך קינדער
קומען יעדן טאָג אין קינדער־גאָרטן.

2

אַלע אין דער פֿרי ברענגט די מאַמע
לאָלאַן אין קינדער־גאָרטן.
לאָלאַ שטייט אַלע מאָל אויף פֿרי.
זי שטייט אויף ווען די מאַמע שטייט אויף,
זי שטייט אויף ווען דער טאַטע שטייט אויף.
לאָלאַ שטייט אויף פֿרי ווײַל זי וויל זײַן
די ערשטע אין קינדער־גאָרטן.
לאָלאַ האָט אַזוי ליב דעם קינדער־גאָרטן.

### 3

אין דער פרי, באַלד ווי זי שטייט אויף,
טוט זי אָן די זאָקן, טוט אָן די שיך
און זי טוט אָן אַ קליידל. זי טוט דאָס אַלץ אַליין.
לאָלאַ האָט ליב אַלץ צו טאָן אַליין.
זי וואַשט דאָס פּנים מיט זייף,
זי וואַשט די הענט מיט זייף
און רייניקט די ציין. זי טוט דאָס אַלץ אַליין.

### 4



לאָלאַ זעצט זיך צום טיש.
זי זעצט זיך צום טיש
עסן אָנבײַסן.
דער טאַטע זעצט זיך צום טיש,
די מאַמע זעצט זיך צום טיש,
זיי זעצן זיך עסן אָנבײַסן.
לאָלאַ עסט אַלץ, אַלץ וואָס די
מאַמע גיט.
לאָלאַ האָט ליב פּרוכט.
אַלע טאָג עסט זי פּרוכט.
אַ מאָל עסט זי אַ מאַראַנץ,
אַ מאָל — אַן עפּל,
אַ מאָל — אַ באַר און אַ מאָל —
אַ פּלוים.
נאָך דעם אָנבײַסן גייט דער טאַטע אַרבעטן.
לאָלאַ טוט אָן איר מאַנטל, זי טוט אָן איר היטעלע,
די מאַמע טוט אָן איר מאַנטל און איר היטעלע
און זיי גייען ביידע אין קינדער־גאָרטן.
לאָלאַ נעמט אַלע מאָל מיט פּרוכט.

אַ מאָל נעמט זי אַ מאַראַנץ,
אַ מאָל נעמט זי אַן עפּל,
אַ מאָל נעמט זי אַ באַר
און אַ מאָל נעמט זי אַ פּלוים.
הײַנט האָט זי גענומען אַן עפּל.

5

אויפֿן וועג זאָגט די מאַמע:
— „לאָלאַ, מײַן קינד, זאָג מיר נאָר
פֿאַר וואָס נעמסטו פֿון דער היים
פֿרוכט ווען דו גייסט אין קינדער־גאָרטן?
אין קינדער־גאָרטן קריגסטו פֿרוכט,
דו קריגסט דאָרט מילך און טאָרט,
פֿאַר וואָס נעמסטו פֿון דער היים
אַלע טאָג פֿרוכט מיט זיך?"
ענטפֿערט לאָלאַ, אַז זי האָט ליב
די מילך און דעם טאָרט וואָס זי קריגט
אין קינדער־גאָרטן,
נאָר פֿרוכט האָט זי ליב דער מאַמעס.
און לאָלאַ קוקט אויפֿן עפּל
וואָס זי האַלט אין האַנט.

6

אין קינדער־גאָרטן איז שוין דאָ די לערערין.
די לערערין באַגעגנט לאָלאַן מיט אַ שמייכל.
— „גוט מאָרגן, לאָלאַ, אַ גוט מאָרגן דיר.
דו ביסט, ווי אַלע מאָל, די ערשטע.
די ערשטע אין דעם קינדער־גאָרטן."
באַלד קומען מאַמעס אָן מיט קינדער
און עס ווערט דער קינדער־גאָרטן פֿול

מיט ייִנגעלעך און מיידעלעך.
לאָלאַ לייגט אַוועק איר עפּל אויף אַ טעלער
און דעם טעלער שטעלט זי אויף אַ טישל.

7

די קינדער זעצן זיך אויף בלויע בענקעלעך
וואָס שטייען אַרום אַ לאַנגן, רויטן טיש.
אויפן טיש ליגט
אַ סך פּאַפּיר פון אַלערליי קאָלירן:
רויט פּאַפּיר און בלוי פּאַפּיר,
גרין פּאַפּיר און ברוין פּאַפּיר,
שוואַרץ פּאַפּיר און געל פּאַפּיר,
אַ סך פּאַפּיר פון אַלערליי קאָלירן.
זיי זיצן אויף די בענקעלעך
אַרום דעם לאַנגן, רויטן טיש און זיי אַרבעטן.
זיי מאָלן בילדער.
זיי מאָלן בילדער מיט רויטער פאַרב,



מיט בלויער פֿאַרב, מיט גרינער פֿאַרב.
זיי מאָלן בילדער מיט ברוינער פֿאַרב,
מיט שוואַרצער פֿאַרב, מיט געלער פֿאַרב.
די קינדער מאָלן וואָס זיי ווילן,
וואָס זיי ווילן נאָר אַליין.
די קינדער האָבן ליב די אַרבעט.
זיי האָבן ליב צו מאָלן בילדער.

8

דעני מאָלט אַ ברוין פֿערדעלע,
עני מאָלט אַ שוואַרץ קעצעלע,
לעני מאָלט אַ בלויע ליאַלקע,
בעני מאָלט אַ גרינע מויז,
באַבי מאָלט אַ געל שטיבעלע,
דאַבי מאָלט אַ פֿייגעלע
און לאָלאַ מאָלט אַן עפּל,
זי מאָלט און קוקט אויף איר עפּל
וואָס ליגט אין טעלער אויפֿן טישל.
לאָלאַ קוקט און קוקט און זעט:
איר עפּל איז ניטאָ אין טעלער.
וואו איז איר רויטער עפּל?
וואו איז דער עפּל? וואו איז דער עפּל?

9

זי קוקט אונטער די בענקלעך — ניטאָ דער עפּל.
די קינדער העלפֿן לאָלאַן זוכן דעם עפּל —
ניטאָ דער עפּל.
די קינדער קוקן אויף די בענקלעך
און זיי זעען איין בענקעלע איז ליידיק.

קיינער זיצט ניט אויפֿן בענקעלע, אויף דאַבים בענקעלע.
וואו איז דאַבי? — ניטאָ דאַבי!
זוכט מען דאַבין אומעטום — ניטאָ דאַבי, ניטאָ.
זוכט מען אונטערן טיש,
אונטער די בענקעלעך — ניטאָ דאַבי!
גייט מען אַרײַן אין קיך —
אָט, אָט איז דאַבי! דאַבי זיצט,
זיצט אין אַ ווינקל פֿון קיך
און עסט געשמאַק אַן עפּל, לאַלאַס רויטן עפּל.
צעלאַכן זיך די קינדער, צעלאַכט זיך לאַלאַ,
צעלאַכט זיך די לערערין.
מע נעמט זיך פֿאַר די הענטלעך
און מע דרייט זיך אין אַ רעדל
אַרום דאַבין און מע זינגט:

„דאַבי, דאַבי עסט אַן עפּעלע —
אַ געזונט איר אין דעם קעפּעלע.
דאַבי, דאַבי עסט אַ באַרעלע —
עס איז דאַבי ניט קיין נאַרעלע.
דאַבי, דאַבי, דאַבי עסט אַ פֿלוים —
וועט דאַבי וואַקסן ווי אַ בוים.“

די קינדער און די לערערין זינגען,
דרייען זיך אין אַ רעדל אַרום דאַבין
און דאַבי זיצט און עסט געשמאַק לאַלאַס רויטן עפּל.

# אין פּאַרק

1

היינט האָט לאָלאַ געבראַכט אין קינדער־גאָרטן
צוויי גרויסע שטיקלעך האָניק־לעקעך.
זי האָט די צוויי גרויסע שטיקלעך האָניק־לעקעך
אַוועקגעלייגט אויף אַ טעלער.
לאָלאַ און די קינדער האָבן זיך געזעצט
אויף די קליינע בענקעלעך
וואָס שטייען אַרום דעם לאַנגן טיש.
אויפֿן לאַנגן טיש ליגן אַ סך קליינע שערעלעך
און אַ סך פּאַפּיר פֿון אַלערליי קאָלירן.
טרעפֿט וואָס די קינדער טוען
מיט די קליינע שערעלעך און דעם פּאַפּיר
פֿון אַלערליי קאָלירן?
זיי שערן אויס בילדער, אַלערליי בילדער.
זיי שערן אויס וואָס זיי ווילן נאָר אַליין.
זיי שערן מיט די שערעלעך און זינגען אַ לידעלע:

דו און איך און זי און ער,
שניידן בילדער מיט אַ שער.
דו און זי און איך און ער,
שניידן אויס אַ פֿערד, אַ בער.

זי און ער און איך און דו,
שנײַדן אויס אַ הונט, אַ קו.
זי און דו און ער און איך
שנײַדן אויס צוויי גרויסע שיך.
שער איך, שער איך פֿון פּאַפּיר
בילדער פֿיל פֿאַר דיר און מיר.

דעני שערט אויס אַ פֿערדעלע,
עני שערט אויס אַ קעצעלע.
לעני שערט אויס אַ העזעלע,
בעני שערט אויס אַ קיִעלע,
באַבי שערט אויס אַ הינטעלע,
דאַבי שערט אויס אַ פֿישעלע,
און לאָלאַ שערט אויס —
טרעפֿט — וואָס לאָלאַ שערט אויס?
לאָלאַ שערט אויס אַ וועווערקע,
אַ וועווערקע מיט אַ לאַנגן עק.

2

די קינדער הערן אויף צו שערן בילדער
און גייען צו די פֿענצטער צו.
אַלע קינדער קוקן דורך די פֿענצטער,
זיי קוקן און זיי וואַרטן.
קוקט די לערערין אויף די קינדער
וואָס קוקן דורך די פֿענצטער.
זי קוקט און זי שמייכלט.
די לערערין ווייס וואָס די קינדער
זעען דורך די פֿענצטער.
טרעפֿט, וואָס די קינדער זעען דורך די פֿענצטער?

די קינדער זעען דורך די פֿענצטער שניי,
ווייכן, ווײַסן שניי וואָס ליגט אויף די גאַסן.
קוקט די לערערין אויף די קינדער,
זי קוקט און זי שמייכלט.
די לערערין ווייס וואָס די קינדער ווילן.
טרעפֿט, וואָס די קינדער ווילן?
זיי ווילן גיין אין פּאַרק, זיי ווילן זיך שפּילן,
זיך שפּילן מיטן ווייכן, ווײַסן שניי.
הייסט די לערערין די קינדער זיך אָנטאָן
די וואַרעמע מאַנטעלעך און היטעלעך
און די וואַרעמע הענטשקעס.
די לערערין העלפֿט די קינדער אָנטאָן
די וואַרעמע ווינטער־קליידער.
לאָלאַ טוט אויך אָן אירע וואַרעמע קליידער,
איר וואַרעם מאַנטעלע און היטעלע
און אירע וואַרעמע הענטשקעס.
לאָלאַ טוט זיך אָן אַליין און נעמט מיט
די צוויי שטיקלעך האָניק־לעקעך וואָס זי האָט היינט
גענבראַכט מיט זיך.
די קינדער מיט דער לערערין
לאָזן זיך פֿריילעכע אין פּאַרק.
מע גייט אין פּאַרק דורך די גאַסן,
דורך די פֿאַרשנייטע גאַסן,
און מע זינגט אַ לידעלע:

פֿאַלט אַ שניי, ווײַס און ווייך,
פֿאַלט אויף גאַסן, וועגן.
פֿאַלט אַ שניי פֿון דער הייך, —
פֿאַלט פֿאַר קינדערס וועגן.

3

אין פּאַרק שפּילן זיך די קינדער
מיטן ווײַסן, ווייכן שניי.
טרעפט, וואָס זיי טוען? —
זיי מאַכן שניי־מענטשעלעך.
יעדער קינד מאַכט אַ שניי־מענטשעלע.
דעני מאַכט אַ שניי־מענטשעלע,
עני מאַכט אַ שניי־מענטשעלע,
לעני מאַכט אַ שניי־מענטשעלע,
בעני מאַכט אַ שניי־מענטשעלע,
באַבי מאַכט אַ שניי־מענטשעלע,
דאַבי מאַכט אַ שניי־מענטשעלע
און לאָלאַ מאַכט אויך עפּעס,
אָבער ניט קיין שניי־מענטשעלע.
טרעפט, וואָס לאָלאַ מאַכט?
לאָלאַ מאַכט אַ וועווערקע פון שניי,
אַ גרויסע וועווערקע פון שניי
מיט אַ לאַנגן, לאַנגן עק.
די קינדער געפעלט וואָס לאָלאַ מאַכט.
זיי לאָזן איבער זייערע שניי־מענטשעלעך,
נעמען זיך פאַר די הענטלעך
און מע דרייט זיך אַרום דער שניי־וועווערקע
מיטן לאַנגן, לאַנגן עק,
מע דרייט זיך און מע זינגט אַ לידעלע:

וועווערקע, וועווערקע מיטן לאַנגן עק,
דו גיי פון דאַנען ניט אַוועק.
וועווערקע, וועווערקע מיטן לאַנגן עק,
זיי דאָ ביז דער ווינטער גייט אַוועק.

געענדיקט זינגען, געענדיקט טאַנצן,
זעען די קינדער — ניטאָ לאָלאַ,
וואו איז לאָלאַ? וואו איז לאָלאַ?
טרעפט, וואו איז לאָלאַ?
לאָלאַ איז געשטאַנען ניט ווײַט,
זי איז געשטאַנען ניט ווײַט אונטער אַ בוים.
אונטערן בוים אַרום איר
זײַנען געשטאַנען וועווערקעס
און לאָלאַ האָט זיי געגעבן קליינע שטיקעלעך לעקעך.
די וועווערקעלעך האָבן מיט די קליינע פיסעלעך
געהאַלטן די קליינע שטיקעלעך האָניק־לעקעך
און געגעסן מיט די קליינע
ציינדעלעך.
אַז די וועווערקעס האָבן געזען
ווי די קינדערלעך לאָזן זיך
צום בוים,
זײַנען זיי גיך־גיך אַרויף
אויפן בוים.
זיי זײַנען אַרויף אויפן בוים
און געקוקט אויף די קינדער
און געגעסן
מיט די קליינע
ציינדעלעך
די קליינע שטיקעלעך
האָניק־לעקעך
וואָס לאָלאַ האָט זיי
געגעבן.



# לאָלאַ און מערי לו

1

אַז לאָלאַ איז געקומען פֿון קינדער־גאָרטן
דערציילט זי דער מאַמען, אַז הײַנט האָט די לערערין
דערציילט אַ מעשׂה פֿון אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע,
וואָס גייען שוין אין שול און לערנען זיך דאָרט
לייענען און שרײַבן ייִדיש. און לאָלאַ זאָגט,
אַז זי וועט מערניט גיין אין קינדער־גאָרטן.
זי וויל בעסער גיין אין שול,
דאָרטן וועט זי זיך לערנען לייענען און שרײַבן ייִדיש.
זאָגט די מאַמע:
— „דו ביסט נאָך אַ קליין מיידעלע,
אַז דו וועסט ווערן אַלט זעקס יאָר
וועסטו דעמאָלט גיין אין שול
זיך לערנען לייענען און שרײַבן ייִדיש.
אויף מאָרגן זאָגט לאָלאַ
אַז זי איז איצט שוין אַלט זעקס יאָר.
פֿרעגט די מאַמע:
— „ווי אַזוי?” זאָגט לאָלאַ: — „אָט אַזוי!
נעכטן בין איך אַלט געווען פֿינף יאָר,

בײַ נאַכט בין איך געוואָרן אַלט זעקס יאָר,
און איך בין שוין אַ גרויסע מײדל,
און איך קען שוין גײן אין שול זיך לערנען
לײענען און שרײַבן ייִדיש."
לאַכט די מאַמע און זאָגט: — „נײן, מײַן לאָלאַ,
דערווײַל ביסטו נאָך אַלט פֿינף יאָר.
אין אַ יאָר אַרום וועסטו ווערן אַלט זעקס יאָר."
— „און ווי לאַנג", — פֿרעגט לאָלאַ, — „איז אַ יאָר?"
— „אַז מען איז אַ גוטע מײדל", — זאָגט די מאַמע,
„איז אַ יאָר ניט לאַנג."

2

לאָלאַ שטײט און שווײַגט און קוקט
אין הויף אַרײַן דורכן פֿענצטער.
— „גיכער, לאָלאַ, גיכער! מיר וועלן הײַנט קומען
שפּעט אין קינדער־גאָרטן", — זאָגט די מאַמע.
אָבער לאָלאַ רירט זיך ניט פֿון אָרט.
זי ווײַזט דער מאַמען אויפֿן פֿענצטער.
— „דו זעסט אין הויף דאָרט, זעסט?
דאָס איז מערי לו, דאָס שוואַרצע מײדעלע
וואָס וואוינט דאָ מיט איר מאַמען
אין קעלער פֿון אונדזער הויז.
שטענדיק שטײט זי דאָ אין הויף אַלײן.
זי האָט ניט קײן טאַטן,
זי האָט ניט קײן ברודערל,
זי האָט ניט קײן שוועסטערל.
איר מאַמע אַרבעט יעדן טאָג,
זי ראַמט די הײמען בײַ די שכנים.
מערי לו האָט ניט מיט וועמען זיך צו שפּילן.

שטענדיק שטייט זי אין הויף אַליין.
און זי האָט ניט קיין שפּילעריַיען.
און זי האָט ניט קיין טעדי־בער,
און זי האָט ניט קיין העלפאַנט
מיט אַ לאַנגער נאָז,
און זי האָט אַפילו ניט קיין העלפאַנט
מיט אַ קורצער נאָז.
און זי האָט ניט קיין ליאַלקע,
און זי האָט ניט קיין זשיראַף מיט אַ לאַנגן האַלדז,
און זי האָט אַפילו ניט קיין זשיראַף
מיט אַ קורצן האַלדז.
ס'איז איר אומעטיק אַליין, זעסט, מאַמע?
איך וועל גיין אין קינדער־גאָרטן
אויב דו וועסט מיר לאָזן נעמען מערי לו
מיט זיך אין קינדער־גאָרטן יעדן טאָג,
וועט זי האָבן אַ סך ברידערלעך,
וועט זי האָבן אַ סך שוועסטערלעך
אַזוי ווי איך, און זי וועט ניט זיַין אַליין.
אַ־יאָ, מאַמע? זאָל זי גיין מיט מיר
אין קינדער־גאָרטן אַלע טאָג, אַ־יאָ, מאַמע?"

3

גלעט די מאַמע לאָלאַס קעפּל און זי זאָגט:
— „גוט, גוט. קום, לאָמיר פרעגן מערי לו
צי וויל זי גיין מיט דיר אין קינדער־גאָרטן יעדן טאָג."
אין הויף פרעגט לאָלאַ מערי לו
צי זי וויל גיין מיט איר אין קינדער־גאָרטן יעדן טאָג.
מערי לו זאָגט גאָרניט, נאָר זי פינטלט
מיט די גרויסע, שטילע אויגן.

כאַפּט זי לאָלאַ פֿאַר אַ האַנט און אַלע דרײַ
לאָזן זיך צום קינדער־גאָרטן גײן.
אין קינדער־גאָרטן זאָגט לאָלאַס מאַמע
דער לערערין עפּעס אין דער שטיל.
די לערערין קוקט אויף מערי לו און לאָלאַן,
זי שמייכלט און זי זאָגט:
— „קינדער, דאָס איז מערי לו, לאָלאַס פֿרײַנד.
זי וועט קומען יעדן טאָג אין קינדער־גאָרטן.
לאָמיר מיט אַ לידל זי באַגריסן.״
די קינדער מיט דער לערערין האָבן זיך געשטעלט
אין אַ רעדל אַרום מערי לו.
זיי האָבן זיך געדרייט און געזונגען פֿריילעך:

מערי, מערי, מערי לו,
הער זיך אײַן און הער זיך צו.

טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ,



דו וועסט מערניט זײַן אַליין,
וועסט אין קינדער־גאָרטן גיין.

טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ,

וועסט מיט אונדז זיך שפּילן שיין,
וועסט שוין מער ניט זײַן אַליין.

טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ,

4

מערי לו איז געשטאַנען אין מיטן.
טרערן זײַנען איר געשטאַנען
אין די גרויסע, שטילע אויגן.
אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי מיטן אָרעם



פֿאַרשטעלט די אויגן און עס האָט זיך
דערהערט מערי לוס פֿאַרשטיקט געלעכטערל:
כי־כי־כי, כאַ־כאַ־כאַ!
די קינדער האָבן אויפֿגעהערט זינגען
און האָבן זיך אויך צעלאַכט:
כי־כי־כי, כאַ־כאַ־כאַ!
לאָלאַ האָט אַרומגענומען מערי לו
און אַלע קינדער האָבן זיך געזעצט
אויף די בלויע בענקעלעך
אַרום דעם לאַנגן, רויטן טיש.

# אַ לעבעדיק חנוכּה־דריידל

1

חנוכּה איז אויסגעפֿאַלן אַ שניי.
דער שניי איז געפֿאַלן אַ גאַנצע נאַכט,
דער שניי איז געפֿאַלן אַ גאַנצן טאָג, —
דער שניי איז געפֿאַלן אויף אַלץ.
אַ טיפֿער שניי איז געלעגן אויף די דעכער,
אַ טיפֿער שניי איז געלעגן אויף די גאַסן, —
אַ טיפֿער שניי איז געלעגן אויף אַלץ!
לאָלאַ איז היינט אויפֿגעשטאַנען פֿרי.
היינט האָט זי געוואָלט זיין פֿרי אין קינדער־גאָרטן.
לאָלאַ האָט עפּעס פֿאַר די קינדער.
זי האָט אַן איבעראַשונג פֿאַר די קינדער.
„אוי, ווער דאָס זיין אַן איבעראַשונג!"
טראַכט לאָלאַ און זי שמייכלט.
לאָלאַ האָט אָנגעטאָן וואַרעמע קליידער,
זי איז אַריין צו מערי לו און זיי זיינען
אַוועק אין קינדער־גאָרטן.
אין קינדער־גאָרטן אויף דעם רויטן, לאַנגן טיש
איז געלעגן פּאַפּיר פֿון אַלערליי קאָלירן,
שערעלעך, קרייד און ליים אויף אויסצוקלעפּן זאַכן.

לאָלאַ און די קינדער זיצן
אויף די בלויע בענקעלעך אַרום דעם רויטן טיש.
די לערערין שטעלט אַוועק אויפֿן טיש
אַ חנוכּה־לעמפּל און זי זאָגט:
— „הײַנט איז חנוכּה, קינדער.
חנוכּה איז אַ שיינער יום־טוב.
מע צינדט ליכטלעך אין חנוכּה־לעמפּל,
מע שפּילט אין דריידל, מע קריגט חנוכּה־געלט
און מען עסט לאַטקעס", —
זי ווײַזט די קינדער דאָס חנוכּה־לעמפּל,
ליכטלעך, אַ דריידל, און לייגט עס אַלץ אַוועק
אויפֿן טיש און זי רעדט:
— „שנײַדט אויס פֿון די קאָלירטע פּאַפּיר לאַטקעס,
דריידלעך, חנוכּה־לעמפּלעך.
איר קענט אויך פֿון ליים אויסקלעפּן
שיינע דריידלעך, לעמפּלעך, לאַטקעס."
איז די קינדער געפֿעלן וואָס די לערערין האָט געזאָגט
און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.
זיי האָבן אויסגעשאָרן אַלערליי דריידלעך, לעמפּלעך,
לאַטקעס.
אַנדערע קינדער האָבן פֿון ליים אויסגעקלעפּט לאַטקעס,
דריידלעך, לעמפּלעך און ליכטעלעך.
און גאָר אַנדערע האָבן מיט קאָלירטע קרײַד
געמאָלן לעמפּעלעך מיט רויטע ליכטעלעך.
איז דער לערערין שטאַרק געפֿעלן וואָס די קינדער
האָבן געטאָן, האָט זי גענומען דאָס חנוכּה־לעמפּל
וואָס זי האָט פֿריִער אַוועקגעשטעלט אויפֿן טישל

און אָנגעצונדן אַ ליכטל און אַלע האָבן געזונגען:
עס ברענט אַ ליכטעלע און שײַנט,
ס'איז חנוכּה, חנוכּה הײַנט.
עס איז ליכטיק, וואַרעם און שיין, —
איז לאָמיר אַ טענצעלע גיין.

4

די גאַנצע צײַט האָט לאָלאַ גאָרניט געטאָן.
זי איז געזעסן בײַם טישל פאַרטראַכט און געשוויגן.
זי האָט ניט געקלעפּט דעם ליים,
זי האָט ניט געשאָרן די פּאַפּירלעך, —
זי איז געזעסן און געטראַכט:
„איך האָב אַן איבעראַשונג! אײַ, האָב איך
אַן איבעראַשונג!" — און גאָרניט געטאָן.
די לערערין האָט געזען אַז לאָלאַ טוט גאָרנישט־נישט
און שווײַגט.
אָבער ווען די לערערין און די קינדער האָבן גענומען
זינגען:
עס ברענט אַ ליכטעלע און שײַנט,
ס'איז חנוכּה, חנוכּה הײַנט.
עס איז ליכטיק, וואַרעם און שיין, —
איז לאָמיר אַ טענצעלע גיין.
איז לאָלאַ אויפגעשפּרונגען
און איז צוגעלאָפן צו דער לערערין.
— „איך וויל זײַן אַ דריידל. כ'האָב ניט ליב
קיין פּאַפּירענע און ליימענע דריידלעך.
איך וויל זײַן אַ דריידל, אַ לעבעדיק דריידל.
איר זעט? איר זעט?"
און לאָלאַ האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן דיל.

לאַלאַ האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די שפּיץ־פינגער,
אויפגעהויבן די הענטלעך אין דער הייך,
זיך געגעבן אַ ציי אויס, און ווי אַן אמת דריידל
זיך געדרייט און געטראָגן איבערן צימער.
זי האָט זיך געבויגט רעכטס, זיך געבויגט לינקס,
זי האָט זיך געבויגט אין אַלע זײַטן.
און אָט איז זי געבליבן שטיין אין מיטן צימער אויף איין אָרט,
זיך געשאָקלט פּאַמעלעך, פּאַמעלעך און צו ביסלעך
זיך געבויגן, געבויגן צום דיל, זיך אויסגעצויגן —
און אויס! לאַלאַ האָט געענדיקט דעם דריידל־טאַנץ.
די לערערין און די קינדער האָבן זיך געדרייט
אַרום לאַלאַן, זיי האָבן געטאַנצט און געזונגען:
דריידעלעך, דריידעלעך דרייט זיך,
ייִנגעלעך, מיידעלעך פרייט זיך,
ס'איז חנוכּה היינט אויף דער וועלט
קריגט איר אַ סך חנכּה־געלט.
און די לערערין האָט געגעבן יעדן קינד אַ דריידל
און חנוכּה־געלט.



# לאַלאַ וויל ניט שפּילן אסתּר־המלכּה

1

היינט זיינען די קינדער אין קינדער־גאָרטן
שטאַרק פאַרנומען. זייער שטאַרק פאַרנומען.
זיי גרייטן זיך צו דעם יום־טובֿ פּורים.
זיי גרייטן זיך צו שפּילן אין דער פּורים־שפּיל
וואָס די קינדער און די לערערין האָבן צוגעטראַכט,
נאָך דעם ווי די לערערין האָט דערציילט
די שיינע פּורים־מעשׂה.
די קינדער איז זייער שטאַרק געפעלן די שיינע
פּורים־מעשׂה, נאָר מער פון אַלץ איז זיי געפעלן
די מעשׂה פון דער שיינער מלכּה אסתּר
און פון איר קלוגן פעטער מרדכי.
גרייטן זיך די קינדער זייער שטאַרק
צו דעם שיינעם יום־טובֿ פּורים.
זיי מאָלן און זיי פאַרבן און זיי שערן אויס פון פּאַפּיר,
און זיי קלעפּן אויס פון ליים גראַגערס, המן־טאַשן,
מאַנדעלעך און פאַרפל, אַ פערדל אויף וועלכן
דער קלוגער מרדכי רייט און דער שלעכטער המן
פירט אים איבער די גאַסן.

2

הײַנט קלײַבן די קינדער אויס פֿון זיך
װער עס זאָל שפּילן די שײנע מלכּה אסתּר.
אַלע קינדער װײסן װער עס װעט זײַן אין דער שפּיל
די שײנע מלכּה אסתּר, אַלע װײסן, —
יאָ, יאָ, אַלע װײסן!
װען די לערערין האָט געפֿרעגט די קינדער
װער פֿון זײ זאָל זײַן אין דער פּורים־שפּיל די מלכּה
אסתּר,
האָבן זײ אַלע פֿרײלעך אויסגעשריִען:
— „לאַלאַ! לאַלאַ! לאַלאַ!"
די לערערין האָט געשמײכלט און געקוקט אויף לאַלאַן.
לאַלאַ איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן
און אומעטיק געשװיגן.
— „לאַלאַ, װאָס ביסטו פּלוצעם אומעטיק געװאָרן
און דו שװײַגסט?" — האָט די לערערין געפֿרעגט, —
אַלע װילן אַז דו זאָלסט זײַן די מלכּה אסתּר,
און מאָרגן איז דאָך פּורים, לאַלאַ.
מאָרגן דאַרפֿסטו שפּילן די מלכּה אסתּר."
— „איך װיל ניט זײַן די מלכּה אסתּר.
איך װיל ניט!" — האָט לאַלאַ שטיל געענטפֿערט
און זיך ניט גערירט פֿון אָרט.

3

שפּעטער, װען די מאַמעס זײַנען געקומען
אַהײם נעמען די קינדער, האָט די לערערין
לאַנג גערעדט אין דער שטיל מיט לאַלאַס מאַמע.

די לערערין האָט איר דערציילט, אַז לאָלאַ
האָט זיך אָפּגעזאָגט צו זײַן די מלכּה אסתּר
אין דער שפּיל, און זי האָט איר געבעטן זי זאָל
פֿרעגן לאָלאַן פֿאַר וואָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם.
אין דער היים, נאָכן עסן, פֿרעגט די מאַמע:
— „לאָלאַ, קינד, פֿאַר וואָס האָסטו זיך אָפּגעזאָגט
צו זײַן אין דער פּורים־שפּיל די מלכּה אסתּר? —
אַלע ווילן דאָך אַז דו זאָלסט זײַן די קיניגין.”
אָבער לאָלאַ זיצט און שווײַגט און רעדט ניט.
— „נו, לאָלאַ, וואָס שווײַגסטו, רעד, וואָס זאָגסטו
גאָרניט?
א מאַמען דאַרף מען אַלץ דערציילן.” —
האָט די מאַמע זיך בײַ איר געבעטן.
— „אַזוי, מאַמע.” — האָט לאָלאַ אָנגעהויבן רעדן, —
„איך וויל ניט זײַן קיין קיניגין.
איך וויל ניט שפּילן די מלכּה אסתּר.
אַ קיניגין דאַרף זײַן אָנגעטאָן אין זײַדנס.
די קיניגין אסתּר דאַרף זײַן אָנגעטאָן אין אַ ווײַס, זײַדן
קלייד,
און איך האָב ניט קיין ווײַס, זײַדן קלייד,
און דו האָסט ניט קיין געלט מיר צו קויפֿן אַ ווײַס,
זײַדן קלייד. ווײַל איך ניט זײַן די מלכּה אסתּר.”
און זי איז אַן אומעטיקע ווידער שטיל געבליבן.

4

די מאַמע האָט גאָרנישט־נישט געזאָגט.
זי האָט געקוקט אויף לאָלאַן און געשוויגן.
נאָך אַ לאַנגן טראַכטן, גייט די מאַמע צו
צו איינע פֿון די שאַפֿעס און זי נעמט דאָרט עפּעס זוכן.

זי האָט לאַנג געזוכט דאָרט אין דער שאַפֿע,
ביז זי האָט פֿון דאָרט אַ קלייד אַרויסגענומען
און דאָס געוויזן לאַלאַן. — „דו זעסט, מײַן קינד,
דאָס קלייד? דאָס איז אַ ווײַס, זײַדן קלייד.
דאָס איז מײַן חופּה־קלייד. אין דעם חופּה־קלייד
בין איך געגאַנגען מיט דײַן טאַטן צו דער חופּה.
איך וויל דיר פֿון מײַן חופּה־קלייד איצט אויפֿנייען
אַ קיניגלעך קלייד ווי עס פּאַסט
פֿאַר דער שיינער מלכּה אסתּר,
ווי עס פּאַסט פֿאַר מײַן שיינער מלכּה לאַלאַ."
און ניט וואַרטנדיק אויף לאַלאַס ענטפֿער,
האָט די מאַמע דאָס חופּה־קלייד צעשניטן
און אָנגעהויבן נייען אַ קיניגלעך קלייד פֿאַר
לאַלאַן.
לאַלאַ איז די גאַנצע צײַט געזעסן און געקוקט
ווי די מאַמע נייט אויף דער מאַשין איר קיניגלעך קלייד
און אַ וואָרט ניט אַרויסגערעדט.



5

די מאַמע האָט געניית, געניית און שטיל געזונגען:

פּורים, פּורים
איז קיינער ניט אָרעם.
אָרעם, און רײַך
זײַנען פּורים גלײַך.
אַלע עסן, נאַשן
מאָנדעלעך און המן־טאַשן.
גראַגערס דרייט מען,
טענצלעך גייט מען,
די מגילה זאָגט מען,
שלח־מנות טראָגט מען.
יאָ! יאָ! יאָ!
פּורים, פּורים
איז קיינער ניט אָרעם.

# לאָלאַ באַקט מצות

1

לאָלאַ איז געזעסן אין קינדער־גאָרטן
און זיך צוגעהערט צו דער לערערין.
די לערערין האָט דערציילט די מעשה פון פסח.
זי האָט דערציילט פאַר וואָס ייִדן
עסן פסח מצה. זי האָט אויך דערציילט
ווי אַזוי מע באַקט מצה.
לאָלאַן און די קינדער איז זייער געפעלן
וואָס די לערערין האָט דערציילט,
אָבער מער פון אַלץ איז לאָלאַן געפעלן
ווי אַזוי מע באַקט מצות. זי האָט ליב מצה.
אַז מען עסט מצה — קנאַקט עס,
און דערנאָך צעגייט די מצה אין מויל — אַ מחיה.

2

אַז די לערערין האָט געענדיקט דערציילן,
זאָגט לאָלאַ, אַז זי וויל באַקן מצה.
לאַכט די לערערין און זאָגט, אַז זי
וועט אויסוואַקסן וועט זי באַקן מצה.

אָבער לאָלאַ זאָגט אַז זי וויל ניט וואַרטן,
זי וויל באַקן מצות היַינט, באַלד. זי ווייס שוין ווי אַזוי.
לאָלאַ נעמט איר חבֿרטע מערי לו,
זיי נעמען ביידע בלעכענע עמערלעך און לאָפּאַטקעס
און זיי גייען אַרויס אין הויף פֿון קינדער־גאָרטן.
אין הויף שטייען קעסטלעך מיט זאַמד.
לאָלאַ נעמט אָן אַ פֿול עמערל זאַמד,
גיסט אַריַין אַהין וואַסער און מישט.
זי מישט די זאַמד מיט וואַסער,



מישט און קנעט מיט די הענטלעך די זאַמד,
מאַכט פֿון זיי פּלעצלעך, און מיט אַ קיַילעכדיק שטעקל
קאַטשעט זי איבער די פּלעצלעך פֿון זאַמד
ביז עס ווערן דינע בלעטלעך, ווי מצה.
אין דרויסן איז ליכטיק און וואַרעם און די זון באַקט
לאָלאַס מצות.

די לערערין און די קינדער קוקן ווי לאָלאַ און מערי לו
באַקן מצות פֿון זאַמד. די לערערין פֿרעגט לאָלאַן:
— „נו, לאָלאַ, עפּעס גוטע מצה?"
— „אַוואַדע", — זאָגט לאָלאַ, — „נאָר מע קען עס ניט
עסן.
לאָמיר אַרײַן אין שטוב און עסן מצה".
די לערערין מיט די קינדער זײַנען אַרײַן אין שטוב.
די לערערין האָט געגעבן יעדן קינד אַ שטיקל מצה.
לאָלאַ האָט געקײַט די מצה און געקוקט דורכן פֿענצטער
אין הויף אַרײַן ווי די זון באַקט אירע מצות.

# לאָלאַס ערשטער מײַ

דער קינדער־גאָרטן איז פֿול מיט קינדער.
זיי זיצן אויף די קליינע בענקעלעך
אַרום דעם רויטן טיש און זיי אַרבעטן.
ווער עס שערט מיט אַ שערעלע, ווער עס פֿאַרבט
מיט אַ בערשטעלע און ווער עס מאָלט מיט רויטע קרײַד.
די קינדער מאָלן, פֿאַרבן, שערן.
ווער עס מאָלט מיט רויטע קרײַד אַ רויטע פֿאָן,
ווער עס פֿאַרבט מיט רויטע פֿאַרב אַ רויטע פֿאָן
און ווער עס שערט פֿון רויט פּאַפּיר אַ רויטע פֿאָן.
הײַנט איז דער ערשטער מײַ,
און די קינדער פֿײַערן דעם ערשטן מײַ.
אויפֿן גרויסן טאָוול אויף דער וואַנט איז אָנגעשריבן
מיט גרויסע, שיינע ווערטער:

מײַ, מײַ, מײַן ערשטער מײַ!
אַלץ איז גרין אַלץ איז נײַ.
אַלץ איז יונג, אַלץ איז פֿרײַ, —
מײַ, מײַ, מײַן ערשטער מײַ!

די קינדער אַרבעטן און הערן ווי די לערערין רעדט:
— „הײַנט אַרבעט מען ניט אין די פֿאַבריקן.
אַרבעטער און אַלע וואָס האָבן ליב פֿרײַהייט
גייען אַרויס אויף די גאַסן און סקווערן,
און מיט פֿאָנען און מיט לידער און מיט מוזיק
מאַרשירט מען אין רייען איבער די גאַסן

און מע גיט זיך דאָס וואָרט, אַז אַלע מענטשן
זײַנען ברידער, אַז אַלע מענטשן זײַנען גלײַך,
אַז אַלע מענטשן דאַרפֿן לעבן אין פֿרידן.
אַלע מענטשן פֿון דער גאַנצער וועלט."
די זון שײַנט אַרײַן דורכן פֿענצטער,
די קינדער אַרבעטן און זינגען מיט דער לערערין
דאָס לידל וואָס איז אויפֿן טאָוול:

מײַ, מײַ, מײַן ערשטער מײַ!
אַלץ איז גרין אַלץ איז נײַ.
אַלץ איז יונג, אַלץ איז פֿרײַ, —
מײַ, מײַ, מײַן ערשטער מײַ!

נאָכן זינגען זאָגט לאָלאַ אַז זי וויל מע זאָל
מאַרשירן אויף די גאַסן ווי די גרויסע דאָרט.
די לערערין נעמט אַרויס פֿון אַ קעסטל
רויטע רויזן און גיט יעדן קינד אַ רויז.
די מיידעלעך שטעקן אַרײַן די רויזן אין די האָר,
און די ייִנגעלעך שפּיליען צו מיט שפּילקעס
די רויזן אויף זייערע רעקלעך
און מע גייט אַרויס אויף דער גאַס.
די לערערין מיט די קינדער לאָזן זיך צום פּאַרק.
די קינדער מאַרשירן צו צוויי אין אַ ריי.
לאָלאַ און איר חבֿרטע מערי לו גייען
פֿאָרויס און אַלע זינגען:

ווײַסע, ברוינע, שוואַרצע, געלע,
מישט די פֿאַרבן אויס צוזאַמען.
אַלע מענטשן זײַנען ברידער
פֿון איין טאַטן און איין מאַמען.

# זומער בײַם ים

1

זומער האָט זיך לאָלאַ אויך געלערנט אין קינדער־גאָרטן.
אַלע טאָג איז זי מיט מערי לו געגאַנגען אין קינדער־
גאָרטן.
די קינדער זײַנען אָפּט געגאַנגען מיט דער לערערין אין
פּאַרק.
אין פּאַרק איז פֿריילעך, אין פּאַרק איז שיין.
לאָלאַ האָט ליב דאָס גראָז, זי האָט ליב די ביימער,
זי האָט ליב די בלומען, זי האָט ליב די פֿייגעלעך,
און נאָך מער האָט זי ליב די וועווערקעס.
אין פּאַרק איז דאָ אַזוי פֿיל גראָז, —
אומעטום גראָז.
אין פּאַרק זײַנען דאָ אַזוי פֿיל ביימער, —
אומעטום ביימער.
אין פּאַרק זײַנען דאָ אַזוי פֿיל פֿייגעלעך, —
אומעטום פֿייגעלעך. אויף די ביימער פֿייגעלעך,
אויפֿן גראָז פֿייגעלעך, און אין דער הייך,
אין דער לופֿטן — פֿייגעלעך.
און אין פּאַרק זײַנען דאָ אַזוי פֿיל וועווערקעס, —
אומעטום וועווערקעס,
און לאָלאַ האָט אַזוי ליב וועווערקעס!

די פֿייגעלעך זיצן אויף דיביימער,
זיי זיצן אויפֿן גראָז, פֿליִען אין דער לופֿטן,
זיי פֿליִען און זיי זינגען:
ייִנגעלעך, מיידעלעך, טשיר, טשיר, טשיר.
גיט אונדז קערנדלעך אָן אַ שיעור.
וואַרפֿן די ייִנגעלעך און מיידעלעך
קערנדלעך אָן אַ שיעור און די פֿייגעלעך
פּיקן די קערנדלעך און זיי זינגען:
ייִנגעלעך, מיידעלעך, טשיר, טשיר, טשיר.
אַ דאַנק פֿאַר קערנדלעך אָן אַ שיעור.
און די וועווערקעס אין פּאַרק לויפֿן אַרויף אויף די ביימער,
לויפֿן אַראָפּ פֿון די ביימער, לויפֿן אום אויפֿן גראָז,
און אַז זיי זעען ייִנגעלעך און מיידעלעך,



זעצן זיך אויף די הינטערשטע פֿיסלעך
און בעטן ביי די קינדער ניסלעך.
לאָלאַ נעמט אַלע מאָל מיט אין קינדער־גאָרטן ניסלעך,
און אַז זי קומט אין פּאַרק גיט זי
די ניסלעך די וועווערקעס און זי זינגט:

וועווערקעס, וועווערקעס
מיט די קליינע פּיסעלעך,
מיט די שאַרפֿע ציינדעלעך
קנאַקט, קנאַקט מיינע ניסעלעך.



איין מאָל איז די לערערין מיט די קינדער
געפֿאָרן צום ים. לאָלאַ און מערי לו
זיינען אויך געפֿאָרן צום ים.
אוי, איז דער ים גרויס! אוי, איז דער ים טיף!
און וואַסער, וואַסער, — אומעטום וואַסער, אומעטום!
די קינדער האָבן אויסגעטאָן די שיכלעך,



די זעקעלעך און זײַנען אַרײַן אין וואַסער.
און אין וואַסער איז קיל, אַזוי קיל — אַ מחיה!
לאָלאַ און מערי לו האָבן אויך אויסגעטאָן די שיכלעך
און זעקעלעך און זײַנען אויך אַרײַן אין וואַסער.
און דאָס וואַסער איז אַזוי קיל, אַזוי קיל — אַ מחיה!
פּלוצעם האָט לאָלאַ דערזען אַ קליין, שיין, פּישעלע.
דאָס פּישעלע האָט געטאָן אַ שפּרונג אַרויס פֿון וואַסער—
און איז באַלד צוריק אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער.
לאָלאַ און מערי לו האָבן זיך אַ לאָז געטאָן כאַפּן
דאָס פּישעלע, אָבער דאָס שיינע פּישעלע
איז שוין געווען טיף, טיף, אין וואַסער.

4

שפּעטער האָבן זיך די קינדער געשפּילט
מיטן זאַמד בײַם ברעג פֿון ים.
זיי האָבן געמאַכט לאַטקעס פֿון זאַמד און עס געבאַקן
אויף דער זון.
זיי האָבן געמאַכט אַ הויז מיט הויכע ווענט,
און אַ הויכן, הויכן באַרג האָבן זיי געמאַכט
מיט אַ לאַנגן, לאַנגן טונעל אונטערן באַרג.
די לערערין און די קינדער האָבן זיך געדרייט
אַרום דעם הויכן באַרג מיטן לאַנגן טונעל און געזונגען:

זאַמד בײַ דעם ים,
זאַמד אויף דעם ברעג,
זאַמד אומעטום,
זאַמד אויפֿן וועג.
זאַמד אין די האָר,
זאַמד פֿולע הענט,

בויען מיר אויס
טונעלן און ווענט.
לאַטקעס פֿון זאַמד
באַקט אויס די זון, —
פֿריילעך איז אונדז,
פֿריילעך דערפֿון.

# גייט אַ ייִנגעלע, גייט אַ מיידעלע אין שול זיך לערנען
## ייִדיש

1

לאָלאַ איז היַינט אויפגעשטאַנען פרי.
זייער פרי. פריער ווי אַלע מאָל.
פאַר וואָס איז לאָלאַ אויפגעשטאַנען פריִער ווי אַלע
מאָל? לאָלאַ ווייסט ניט פאַר וואָס.
זי ליגט אין בעטל און טראַכט:
„איך בין שוין אַ גרויסע.
איך בין שוין אַלט זעקס יאָר.
בין איך שוין טאַקע אַ גרויסע?
ווער איך שוין טאַקע אַלט זעקס יאָר?
לאָלאַ הערט אויף טראַכטן, זי הערט זיך אַיַין.
זי הערט איר מאַמעס טריט.
זי שפרינגט אַראָפּ פון בעטל, לויפט אַרײַן אין קיך
און פרעגט: — „מאַמע, בין איך אַ גוט מיידעלע?"
— „אַוודאי ביסטו, מיַין קינד, אַ גוט מיידעלע," —
ענטפערט די מאַמע.
— „בין איך אַלע מאָל אַ גוט מיידעלע?" —
רעדט וויַיטער לאָלאַ.

„אַלע מאָל, אַלע מאָל. אָבער זאָג נאָר, צוליב וואָס
דאַרפֿסטו דאָס וויסן ? — פֿרעגט די מאַמע.
— „דו געדענקסט, מאַמע,״ — הייבט לאָלאַ אָן, —
„דו האָסט מיר געזאָגט, אַז איך וועל ווערן אַלט זעקס יאָר,
וועל איך מערניט גיין אין קינדערגאָרטן.
איך וועל גיין אין שול זיך לערנען ייִדיש.
דו האָסט מיר אויך געזאָגט, אַז מען איז אַ גוטע מיידל
איז אַ יאָר ניט לאַנג, דו געדענקסט, מאַמע ?
און איך בין שוין אַזוי לאַנג אַ גוטע מיידל, אַזוי לאַנג !
בין איך שוין אַ גרויסע, און בין שוין אַלט זעקס יאָר,
און איך קען שוין גיין אין שול זיך לערנען ייִדיש.״

2

אַז לאָלאַ האָט געענדיקט רעדן,
האָט זיך די מאַמע שטאַרק צעלאַכט,
אַזש טרערן זײַנען איר געשטאַנען אין די אויגן.
די מאַמעווישט די טרערן פֿון די אויגן אויס און זאָגט :
— „יאָ, מײַן לאָלאַ, דו ביסט גערעכט, דו ביסט גערעכט.
נאָך אין אַ פּאָר טעג און דו ווערסט אַלט זעקס יאָר.
דו וועסט שוין קענען גיין אין שול זיך לערנען ייִדיש.
און ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ גרויסע מיידל,
וואָס ווערט שוין אַלט זעקס יאָר,
וועלן מיר מאַכן אַ שיינע שׂמחה צו דײַן געבוירן־טאָג.
און צו דײַן שׂמחה ברענג אַלע קינדער פֿון קינדער־
גאָרטן און וועמען נאָר דו ווילסט אַליין״.
שפּעטער איז לאָלאַ אַוועק צו מערי־לו
און איר דערציילט פֿון דער שיינער שׂמחה,
וואָס איר מאַמע גרייט צו איר געבוירן־טאָג,
און ביידע זײַנען פֿריילעכע אַוועק אין קינדער־גאָרטן.

## 3

אין לאָלאַס הויז איז פֿריילעך.
די שטוב איז פֿול מיט קינדער,
מיט יִנגעלעך און מיידעלעך
אָנגעטאָן אין יום־טובֿדיקע קליידער.
די קינדער זיצן אַרום דעם געדעקטן טיש,
וואָס איז אָנגעשטעלט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען
און אָן אַ שיעור געשמאַקע נאַשערײַען.
אין מיטן טיש שטייט אַ גרויסער טאָרט
מיט זיבן דינע, לאַנגע ליכטלעך.
לאָלאַ און מערי לו זיצן אויבן אָן
און זײַנען גליקלעך און צופֿרידן.
די קינדער עסן ראָזשינקעס און מאַנדלען
און די געשמאַקע נאַשערײַען,
און זיי זינגען לידלעך וואָס זיי האָבן זיך אין קינדער־



גאָרטן אויסגעלערנט.
די לערערין פֿון קינדער־גאָרטן
און לאָלאַס טאַטע־מאַמע קוקן אויף די קינדער
מיט גוטע, שמייכלענדיקע אויגן.

4

אַ ביסל שפּעטער האָט לאָלאַס מאַמע אָנגעצונדן די זיבן דינע ליכטלעך, וואָס האָבן אין טאָרט געשטעקט, און אַלע, די קינדער, די לערערין און לאָלאַס טאַטע־מאַמע האָבן געזונגען:

צו דײַן געבוירן־טאָג,
צו דײַן געבוירן־טאָג,
צו דײַן יום־טוב הײַנט,
קומען דײַנע פֿרײַנד
און ווינטשן דיר,
און ווינטשן דיר,



אַ סך געזונט,
אַ סך געזונט,
און יאָרן אָן אַ שיעור,
און יאָרן אָן אַ שיעור.
לאָלאַ האָט מיט איין שטאַרקן בלאָז אויסגעלאָשן
דאָס פֿײַער פֿון אַלע זיבן ליכטלעך,
די מאַמע האָט מיט אַ לאַנגן מעסער
דעם טאָרט צעשניטן און געגעבן יעדן קינד
אַ שטיק פֿון דעם געשמאַקן טאָרט.

5

דער טאַטע האָט צום טיש צוגעטראָגן אַ פּאַפּירן
קעסטעלע און פֿון דאָרט אַרויסגענומען אַ שיין ביכל
און דאָס געגעבן לאָלאַן און געזאָגט:
— „דו זעסט, מײַן קינד, דאָס ביכל?
פֿון דעם ביכל וועסטו אין שול זיך לערנען ייִדיש.
דאָס ביכל הייסט: גייט אַ ייִנגעלע, גייט אַ מיידעלע
אין שול זיך לערנען ייִדיש.
דו זאָלסט דאָס ביכעלע טײַער האַלטן."
לאָלאַ נעמט דאָס ביכל, זי קוקט אויף די שיינע גרויסע
ווערטער,

זי טוט אַ כאַפּ אַ האַנט פֿון איינעם פֿון די ייִנגלעך
און זי לאָזט אַוועק זיך אין אַ טענצל און זי זינגט:

גייט אַ ייִנגעלע,
גייט אַ מיידעלע
אין שול זיך לערנען
ייִדיש.

גייט אַ ייִנגעלע
גייט אַ מיידעלע
אין שול זיך לערנען
ייִדיש.

די קינדער פּאַטשן מיט די הענטלעך,
שטעלן זיך אין אַ רעדל אַרום לאָלאַן און דעם יינגל,
קלאַפּן צום טאַקט מיט די פּיסלעך
און זינגען:

גייט אַ יינגעלע,
גייט אַ מיידעלע
אין שול זיך לערנען
יידיש.

(ס ו ף)